מאַכען דאָרט אָן אַנ׳ענגשאַפּט און שטעהען די ניי־קאַבּצאַנסקער אין דער גרגרת. און דאָס פערשטעהט דאָך אַפּילו אַ קינד אויך, אַז עס שטעלט זיך נישט־דאָ־געדאַכט, אַ בּיין אין האַלז הוסט מען, קייכט מען מיט אַלע כּוחות, פונ׳ם בּיין ווי־ס׳איז פּטור צו ווערען, דעריבּער האָבּען די ניי־קאַבּצאַנסקער נעבּיך גאָר נישט ווילענדיג שטאַרק זיך צוהוסט, דאָס הייסט געאַרבּייט אויף אַלע כּלים, ווי לייז צו ווערען פון אַזאַ אָנשיקעניש, פון אַזוינע כּפול־שמונה׳דיגע קבּצנים, און געזוכט מיטעל, ווי צו שטילען דאָס פייער אין אַלט־קאַבּצאַנסק, אַז זייערע בּרידערליך דאָרט זאָלען מעהר נישט קומען צו אַזאַ מיאוס׳ער לאַגע, זאָלען זיצען רוהיג בּיי זיך אין דער היים און אויך זיי אויפווייטער לאָזען צו רוה. בּיים פּריץ זענען זיי געוועזען שטיקליך תּקיפים. קיין סכסוכים צווישען זיי מיט איהם איז קיינמאָהל נישט געוועזען, און אַרויסשטעלען זיך איהם אַקעגען פאַר דעם מקום קדוש מיט דער שטאָט דאָרט, האָבּען זיי אַפּילו אין זינען נישט געהאַט... ווייסענדיג זעהר גוט זיין קאַפּריז. אַלסדינג איז ער גרייט אַמאָל נאָכצוגעבּען, נאָר נישט אויף קיין האָר פון זיין קאַפּריז. בּכן קומען זיי צו חייקיל־חיים׳ן מיט אַזאַ פּלאַן:

הערט אויס, רבּ חייקיל־חיים! מיט קאַבּצאַנסק שטעהט עס אַצונד שמאָל. אַז אַך־און־וועה צו איהר צו וואָס זי איז געקומען פאַר איהרע זינד! זי בּרויכט בּאַלד טאַקי הילף. מיט אַ פּריץ מאַכט מען נישט מיט געוואַלד. דער פּריץ איז אַ פּריץ און קאַבּצאַנסק איז קאַבּצאַנסק. מען בּעדאַרף נאָכגעבּען זיין שגעון. מיט דער צייט קען ער ווערען ווייך ווי אַ טייג, חאָטש צולייגען איהם צו אַ געשוויר. נאָר אַצונד לאָזט איהם אָבּ, אָט דעם קאַפּריז... קורץ גערעדט, רבּ חייקיל־חיים, מאַכט זיך נישט וויסענדיג אַצונד פון דער שטאָט אין מזרח־וואַנד, איבּער וועלכער עס האָט די גאַנצע קאַשע זיך פערקאָכט. און כּדי פערבּלענדען דעם דוקעס די אויגען, ער זאָל מיינען, אַז איהר האָט זי שוין מעהר אין זינען נישט, נעהמט אָן, זייט אַזויפיעל גוט, אָט די שטאָט, וועלכע מען לייגט אייך איצט פאָר, אויך טאַקי אין מזרח־וואַנד, נאָר ערגיץ אַנדערש, ווייטער אַבּיסעל. אין פאָלעש פון דער אַלטער שוהל געפינט זיך, ווייסט איהר דאָך, אַ פינסטער קעמעריל, אַ ליידיגס, וויל מען, הייסט עס, דאָס קעמעריל גוט צורעכט מאַכען מיט אַיין אָרון קודש, מיט אַלסדינג, ווי אַ שטיבּעל בּעדאַרף זיין, פאַר אייך מיט אייערע לייט, וואו איהר וועט זיין דערווייל, פערשטעהט איהר? די גאַנצע בּעלי־בּתּים. — ווי בּאַלד איהר טהוט עס, וועט געשטילט ווערען דעם פּריץ׳ס כּעס און ממילא פאַרבּעסערט ווערען די יודישע לאַגע... שונאים, ווי אַ רבּ שמעלקי, אַ שטיינער, וועלען אויך פאַרשטומט ווערען, בּלייבּענדיג דאָ אַליין די איינציגע פיינע בּריות, און אומגעשטערט פאַרנעהמען צו זיך די אַלע

כבודים, גבאות, עליות וכדומה — לאָזען זיי זיך דערמיט וואַרגען!

פון חייקיל־חיים׳ס וועגען און אַ טהייל פון זיינע לייט וואָלט די זאַך גאָר ניט קרום געווען. האַ, אפשר איז באמת טאַקי דערוויל אַ סברא! פאַר וואָס ניט? נאָר פאַר געוויסע מענשליך, כלי־קודש, איז דער דאָזיגער פּלאַן געווען אַ סם, סטייטש, אַז אוים מחלוקת, אוים פייער ווי־זשע וועלען זיי ברענען אַ וועלט? לא! האָבען זיי געשריען, אוים דער הויט געשפּרונגען, און אויפגעריהרט גאַנץ קאַבצאַנסק.

און ווי האַלט עס אין קאַבצאַנסק אַצונד?

אוי, שלעכט, ס׳איז אַ מהומה, יודען שלעפּען זיך אָוועק מיט די טאָר־בעס אין דער ווייטער וועלט — און ס׳איז אַ מעשה אָהן אַיין עק!...

